## דיין בלויער אומעט

. . . און זע איך דיך אזא,
נעמט א צארטער אומעט מיך ארום,
אזא שטילער, אזא פריידיק-פארביינקטער
און שטום
גייט אויף אזא פארלאנג אין מיר —
א שנייעלע זיין,
א קליין, ווייס שנייעלע —
אין בלויער פראסטיקייט געזילבערט,
אין צארטן שווייגן געהילט —
פלאטערן אין דער נאכט דער שטילער,
ווי א טויב א ווייסע, א מידע,
זוכט אן איינזאמען בוים —
און פלאטערנדיק אזוי
דיך דערזען,
דערקאנען און זיך דערמאנען:
ס'האָט מיין בליק דיך ליבליך שוין געצערטלט
אין א לאנג פארלוירענעם טרוים.

און דערקאנען דיך,
א פלאטער טאן אזוי איבער דיין פנים,
מיט ליבשאפט צערטלען דיינע פולע ליפן.
צופאלן צו דיין ווייסער ברוסט
און אף א רגע אנ-איינ-איינציקער
פארוואנדלט ווערן אין א זילבער-טראפן,
א זילבער-טראָפן,
וואס פאנגט די וועלט אין זיין ווייסער-קלארקייט,
שפיגלט זי אפ
און שפילט זיך מיט איר —
און אט אזוי
אפשפיגלענדיק און שפילנדיק
אויסהויכן מיין בלויען אטעם אויף דיין ברוסט.

און אפשר בין איך שוין א שנייעלע אזא געווען
און אף דיין ברוסט מיין בלויען אומעט אויסגעוויינט —
איצט טראגסטו אים אף אייביק אין דיין בליק . . .

פילא. ווינטער, 1926.

## פיר מיך

נעם אן מיך ביי דער האנט, נעם אן און פיר,
פיר מיך אין ניט-דאָאיק לאנד,
וואו דער טאָג האט אפגעוואַרט די נאכט
ביים הימעל ראנד,
אפגעוואַרט און זיך דערוואַרט.
האבן ביידע זיך באגעגנט,
דורשטיק צונעפאלן איינס צום צווייטן
און זיך איינגעפלאכטן אין א לאנגען קוש
און קושענדיק אזוי

געבליבן היינגען אף די בארג שפּיצן.
זיינען שאָטנס ווייכע,
אין זייער גאַנג פאַרהאַלטן,
געבליבן שטיין און ניט געוואוסט —
צעשפּרייטן זיך אין נאַכטיק לאַנגע פּאַסן,
צי גאָר אַנטלויפן אין די בערג,
אין שפּאַלטן דינע זיך באַהאַלטן.
און שטייענדיק אַזוי
דערפילן זיי:
ס'ווערט אַ ניי געפיל אין זיי געבוירן
און ס'גייט אויף אַ שטילע פרייד אַזאַ אין זיי,
די פרייד פון אויסלייז —
קושן זיי די קילע, קילע זאַמדן
מיט לייכטע, ציטערדיקע מורא
און טאַנצן זייער שאָטנדיקן טאַנץ —
און טאַנצנדיק אַזוי
זינגען אויס דאָס געזאַנג
פון אייביקן פאַרלאַנג.

נעם אַן מיך ביי דער האַנט, נעם אַן און פיר,
פיר מיך אין ניט-דאָאיק לאַנד —
וועל איך אַף די חורבות פון ניט-אויסגעלעבטן לעבן
אויפשטעלן אַ טעמפּל אין מיין האַרץ פאַר דיר,

געליבטע מיינע,
און איך,
דער אויסדערוויילטער,
דער איינ-און-איינציקער
וועל דער כהן גדול אין דיין טעמפּל זיין
און אין אט דעם ניט-טאָג-ניט-נאכטיקן שיין
וועל איך דיר קרבנות ברייגגען
פון מיין ניט-אויסגעפילטן זיין —
און ווערן וועל איך א פריידיקער אזא,
ווי די שאטנס אין ניט-דאָאיק לאנד
און ווי זיי,
אויסטאנצן מיינע תפלות צו דיר
און טאנצנדיק אזוי
אויסזינגען דאס געזאנג
פון אייביקן פארלאנג.

וועל איך שווייגן

. . . וועלן זיי קומען און פרעגן:
וואס פעלט דיר, קינד?
וועל איך שווייגן —
אז ס'האט נישט קיין נאמען דיין זינד,
ס'האט נישט קיין נאמען דיין זינד —
וועל איך שווייגן.

און וועלן זיי קומען און פרעגן:
וואס בלאנדזשעט דיין בליק אזוי אבל'דיק אום

אין שטילע און שטומע פארנאכטן ?
טרויערסט נאך וועמען ? בייִנקסטו נאך וואס ?
וועל איך שווייגן,
שווייגן און טראכטן :
אין א וויינענדיקן טאג
האסטו מיט בלוטיק רויטע צונגען
אויף דיינע שטומע שטיינער-ווענט
מיין נאָמען אויטגעקלונגען,
שטאָט פון אייזן-רויש און שטיין-ווענט —
אויסגעקלונגען
און כ׳האב אים נישט דערקענט.
עפּעס אזוי משונה׳דיק, אזוי פרעמד
האט ער זיך איבער מיר צעזונגען
און פּראסטיק האט זיין קלאנג זיך אין מיין הארץ געשפּרייט,
מיין בלוט פאר׳סמ׳ט,
דעם זין פון לעבן אויסגעלאשן.
האב איך פלוצלונג דיך אן אנדערע דערזען —
אזא אכזריות׳דיקע, א גאליקע אזא —
האב איך דיין סם אין מיין בלוט דערשפּירט,
האב איך דיין גיפט אף מיין אטעם דערפילט,
שטאָט פון אייזן-רויש און שטיין-ווענט.

און אז בלוט און סם ראנגלען זיך אין מיינע אדערן,

זיינען דיינע ווענט קיין ווענט ניט מער,
נאר בלוט פלעקן —
מיינע בלוט פלעקן;
איז דיין אייזן-רויש קיין רויש ניט מער,
נאר מיין פאר׳סמ׳טער אטעם,
מיין פאר׳סמ׳טער אטעם.
און אז פון בלוט און סם ז׳קיין רעטונג מער נישטא,
וועל איך שווייגן —
ווייל ס׳האט נישט קיין נאמען דיין זינד,
ס׳האט נישט קיין נאָמען דיין זינד,
וועל איך שווייגן . . . .

## א תפלה

גיב-זשע מיר דיין האנט,
דיין צארטע אויסגעבלייכטע האנט,
ווען מיר אין אונזער שטילקייט זיין נאך שטילער —
פאראנען א געפיל אזא,
וואס אפילו א זעמדעלע דערשפירט
ווען ס'פארגייט זיך אין א שטילער תפלה;
א געפיל אזא,
פאר וועמען אלע גרעניצן ווערען פארווישט —
פארלירט ס'לעבן זיין שווערן צער,

די שרעק פון טויט ווערט שטילער
אוןביידע ווערן איינס —
אויפגעלייזט,
אויפגעלייזט און אויסגעלייזט
אין א שטומער תפלה.

**זע —**
מיין האנט איז אויך ווי דיינע בלייך,
נאָך בלייכער;
שטיל איך איין מיין שרייענדיקן צער
און ווער ווי דו, א שטילער . . .

גיב-זשע מיר דיין האנט,
דיין צארטע, אויסגעבלייכטע האנט,
וועלן מיר אין אונזער שטילקייט זיין נאך שטילער
און ווי דאס זעמדעלע איבער אונז
זיך שטיל און ציטערדיק פארגיין
אין א שטומער תפלה . . .

פערצן

געווען א טאג אזא

געווען א טאג אזא,
א שיינענדער, א העלער —
א ליכטיקע מתנה גאט'ס פאר דער טריבער וועלט —
האבן טויזנט זונען זיך אין זיין שוים גע'טובל'ט,
טויזנט חנ'ען זיך אף זיין וועג צעשטעלט;
האט א ברויזנדיקע פרייד,
העל און שיינענדיק ווי דער טאג,
דיין טאג,
זיך צעזונגען אין מיין בלוט.

פופצן

צעזונגען זיך מיט טויזנטער קאלירן
און אין חלום מיך פארוויגט.
איז מיין הארץ אין א פלאטער זיך פארגאנגען,
שעפטשענדיק א שטיל געבעט,
א תפלה,
פאר מיר
און אויך פאר דיר.

געווען א טאג אזא,
א שיינענדער, א העלער,
געווען —
און שוין פארגאן . . .
שטיי איך איצט אליין, אן איינזאמער, א שטילער,
דעם קאפ טיף געבויגן, ס'הארץ איז בלייאיק שווער,
ס'וויקעלט מיך א שווארצקייט איין א שטומע
און פון אויג פאלט טרער נאך טרער.

פארגאנגען איז דער טאג,
דער שיינענדער, דער העלער,
צערונען איז דער חלום, פארלאפן איז דאס גליק —
געבליבן איז א צער, א נאגענדער, א שווערער,
א ליידיקייט א טריבע, א טעמפטקייט אין מיין בליק —
און עס קלאגט מיין בלוט מיט טויזנט קלאגן

אף מיין
און דיין ניט אויסגעלעבטן לעבן,
וואס איז פארגאן
מיט דיין שיינענדן, מיט דיין העלן טאג . . .

איי ליו ליו

פוסט דאס לעבן, רויך און ווינט,
שלאָף-זשע איין מיין ארים קינד —
איי ליו ליו,
רייסט דער ווינט אין פעלד די זאנגען,
לעשט חלומות און פארלאנגען —
איי ליו ליו.

פאלט זיין קלאַנג שווער אויף מיין אויער
און פארשארפט אין מיר מיין טרויער —

אבצן

איי ליו ליו,
הילט אונז איין א שווארצע נאכט,
א היימלאז-שווארצע, בלינדע נאכט —
איי ליו ליו.

שווארצער פון דער נאכט ז'מיין טרויער,
וועל איך בויען דיר א מויער —
איי ליו ליו,
פון מירמל שטיין און פון גראניט,
פון מיין ווייט און בלוט געשמידט —
איי ליו ליו.

טאג און נאכט אין טורם זיצן,
דיך באוואכן, דיך באשיצן —
איי ליו ליו,
אז ס'זאל מער די בייזע שעה
נישט צעשטערן דיר דיין רו —
איי ליו ליו.

כ'וועל די וועלט, מיין טרוים און טרויער
איינוויגן ביי דיר אין מויער —
איי ליו ליו,
— — — — — — — — — — — — —

ביינצן

פּוסט דאָס לעבן, רויק און ווינט,
שלאָף-זשע איין מיין אָרעם קינד —
איי ליו ליו.

צוואַנציק

נישט איך

נישט איך האב אף דיין שטערן קינ׳ם צייכן אויסגעקריצט,
זון מיינער,
נאָך נישט געבוירענער;
נישט איך האב דיינע טריט מיט בלוט און סם באפלעקט,
זון מיינער,
נישט איך . . .

ס׳לעבן האט א חלום אין אונזער בלוט פארזייט,
אין מיין

און אין איר אומשולדיק בלוט —
ארום אונז א גליק מיט צערטליכקייט צעשפּרייט
און איינגעוויגט אונז אין א זיסן טרוים;
האבן מיר די וועלט ארום פארגעסן —
די שטארע ווירקליכקייט, איר בייזן שוים —
און ווי קינדער, שטיפעריש און זארגלאז,
געלאזט זיך אין א ציטערדיגן טאנץ,
דעם טאנץ פון אויפגעגליטן יונג-בלוט,
אונזער טאנץ . . .
און ווען אונזער בלוט האט ריטמיש אויסגעטאנצט
מיט פריידיקע און זילבערדיקע קלאנגען,
אונזער באגער-ליד,
דאס ליד פון הייליקע פארלאנגען —
האבן זיך די געטער איבער אונז צעלאכט,
צעלאכט מיט זייער אייביק-זינלאָזן געלעכטער.

האב איך פלוצלונג דיך דערזען,
זון מיינער,
א שאטנדיקער אזא,
א נאָך ניט געבוירענער,
מיט קינ׳ס צייכן אף דיין שטערן,
מיט בלוט און סם אף דיינע טריט
און דיינע שטומע בליקן

האבן זיך אין מיין לייב איינגעגעסן
און מיין בלוט פאר'סמ'ט.

פאל איך אף די קני פאר דיר,
איך, אן אומשולדיק פארשולדיקטער
און בעט זיך:
זע,
ס'איז מיין גורל — דיינער
און דיין גורל — מיינער,
דאָך שווער איך,
נישט איך האב אף דיין שטערן קינ'ם צייכן אויסגעקריצט,
נישט איך האב דיינע טריט מיט בלוט און סם באפלעקט,
נישט איך,
זון מיינער,
נאָך נישט געבוירענער . . .

ביי׳זער אומעט מיינער

בייזער אומעט מיינער,
וואס האסטו זיך צעזונגען אין מיין בלוט?
בייזער אומעט מיינער.

ווי אן אבל א געפלאגטער,
פון זיין ווייטיק א געיאָגטער,
רייסטו קריעה נאך מיין לעבען
טויזנט, טויזנט מאל א טאג
און אף שווארץ-געשפרייטע פליגל

פיר-און-צוואנציק

ברײנגסטו מײַן פֿאַרבלײכטן שאָטן
מיר צו חלום יעדע נאַכט.
שטײט מײַן שאָטן אַזאַ שטומער,
אַ פֿאַרטראַכטער,
פֿון גאָט און װעלט אַן אָפּגענאַרטער,
שטײט און צײלט מיר שװער די צײַט —
פּוסטע טעג און טױטע יאָרן —
לײגט ער זײ אײַן שורות אױס,
שפּרײט פֿון זײ אַ װעג מיר אױס,
אַ טױטן װעג.

ליג איך אײַנגעקאַרטשעט, שטום,
קוק זיך גאָר אָף אים נישט אום;
בליצן זײַנע אױגן אױף
פֿול מיט האַס און שװאַרצן צאָרן
און זײ פֿרעגן און זײ מאָנען:
װען פֿאַרגײען דײַנע טעג?

ציטערט אױף מײַן האַרץ מיט פֿרײד —
װען פֿאַרגײען דײַנע טעג . . .
און איך בעט זיך:
אַז ס'האָט די װעלט מיך אָפּגענאַרט
שרעקט די שװאַרצקײט מיך ניט מער —

כ'האב טויזנט לעבנס אויסגעלעבט,
כ'בין טויזנט טויטן שוין געשטארבן —
מיך שרעקן בלויז די לעבעדיקע שעה'ן,
וואס פאלן טעמפּ און שווער,
טרינקן זיך אין פּיין און טרער.
און אז ס'לעבן האט זיין שיין פארלאשן
פאר איר
און אויך פאר מיר.
וואס-זשע האסטו זיך פארטראכט,
בייזער אומעט מיינער?
לאנג און רולאַז איז די נאכט,
טא וואנדער אום
און ווי מיין וויי ווער שארף און שטום.

און וועלן מיינע טעג פארגיין,
וואנדערן וועלן מיר אין צווייען
אין דער שווארצקייט איינגעהילט,
זוכן אירע גרינגע טריט —
אומעט, אומעט מיינער . . . .

זעקס-און-צוואנציק

## צו נאכט

קום, נאכט,
אין וועמעס שוים פארוואגעלטע און קראנקע,
פון לעבן אויסגעשפיגענע און אפגענארטע
געפינען רו,
קום, דו לאנג געגארטע,
וויג מיך איין אין דיינע שווארצע, ווייכע פאלדן,
היל מיך איין אין זארגלאזע חלומות
נאכט —
ס'האט דער טאג מיך אפגענארט,

אפגענארט . . .
מיר ז׳מיין הארץ פון שווערע, שווערע זארגן,
טריב און פיינליך מיד —
וויג מיך איין . . .

און האסטו וואו נאך ערגעץ רו,
שאר צונויף און היל מיך איין —
מיינע איז שוין לאנג פון טאג דאס רויב,
און פונקט ווי איך
וואגעלט זי ארום
און בעט שטיל:
וויג מיך איין . . .

און האָט זיך אויסגעשעפּט דיין רו,
צעפיר דיין סאמעט-שווארצן שלייער,
צי נ׳דיין אפגרונד מיך אריין
און פון דיין נעפלדיקן שוים
צי ארויס
טויזנט שאטנדיקע נימפן
און ניט-דאָ-איקע, עקזאטישע געשטאלטן —
דיין לוסט און גיפט אין זיך באהאלטן —
פלעכטן זאלן מיך אין ראד
און פלעכטנדיק אזוי,

פירן מיך איבער אלע אונטערערדישע אלייען
און אלע ווילד און קרום צעדרייטע וועגן
טאנצן זאלן מיר אנטקעגן,
ווייל —

ס'האָט דער טאג מיך אפּגענארט,
אפּגענארט,
מיד ז'מיין הארץ פון שווערע, שווערע זארגן,
טריב און פּיינליך מיד . . .

— — — — — — — — — — — — — — —

נאכט,
דריי מיך איין!

אין שאטן פון דיינע ווענט

ווען מיד ווערט מיין גייסט פון שווערן וואַנדערן
און ס'וואלגערן זיך ביי מיינע פיס
פוסטע טעג און טויטע נעכט,
שאר איך זיך, ווי א גייסט פארשוועכט,
מיט טריט פארבלוטיקטע און הייסע,
ביי דיינע טעמפל ווענט די קאלטע,
ביי דער טיר
און איך בעט זיך:
נעם מיך אויף,

דרייסיק

נעם מיך אויף און לאז אין שאטן פון דיינע ווענט
רו געפינען.

פרירן מיך דיינע ווענט מיט זייער שטומען
און איך דערפיל —
ס'האט א בייזע האנט פאר מיר,
געליבטע מיינע,
פון דיין טעמפל פארהאקט די טיר,
פארהאקט די טיר און דעם שליסל צוגענומען;
א טיפער אפגרונד טיילט אונז אפ,
אזא ברייטער, אזא שרעקנדיקער,
קיין מענשליכער פוס קאן אים נישט אריבערשפאנען,
קיין מענשליכער צער קאן אים נישט אויספילן —
וואנדער איך אליין.

נאר אין שטילע נעכט, אזעלכע ווי די,
אויסגעוויטיקטע און מילדע,
גייט אויף אזא געפיל אין מיר —
פון מיין איינזאם געבוירן —
א געפיל אזא.
וואס גיסט זיך אויס אין בונטע פערזן פון מיין ליד
און איך שמיד
פון אים א גאלדענעם שליסל אויס

און אף א בריק פון מיינע אויסגעשטראלטע טרערן
קום איך ווידער אין דיין טעמפל אריין,
אין סאמע קדשי קדשים פון דיין זיין,
געליבטע מיינע,
און ווי א קינד,
וואס האט דאס לעבן ערשט דערקענט,
שטיי איך אזא שטראלנדער,
א געלייטערטער,
א געלייטערטער און א באַרוואיקטער
אין דעם שאטן פון דיינע ווענט . . .

## געווען א נאכט אזא

געווען א נאכט אזא, פינסטער און בלינד,
אנגעלאדן מיט דער שווארצקייט פון זינד,
אנגעלאדן ווי ס'איז מיט שווערן פיין
מיין צעווייטיקט הארץ, מיין גאנצער זיין —
און געשמיסן פון בייזן ווינט
האב איך געוואנדערט ווי א בלאנדזשענד קינד,
געוואנדערט און געטראכט:
פארוואס האט זיך די שווארצקייט פון דער נאכט
ביי מיר אין הארץ באזעצט,

געליבטע מיינע?
האט די אויגלאָז-שווארצע נאכט
זיך שפּאטיש אימער מיר צעלאכט . . . .

פלוצלונג,
ס׳האט אין נאכט מיין נאמען אויסגעקלונגען,
האט ער זיך צעזונגען
מיט אזוי פיל צארטקייט איבער מיר —
האב איך דיין רוף פארנומען,
געליבטע מיינע,
און זיך גענומען טראגן
איבער פעלדער, פוסטע פלאכן, —
כ׳מוז געפינען דיך, דעריאָגן,
אויסווייגען אף דיין שוים מיין צער . . .
האט מיין עלענד אין מיר גענומען קלאגן:
ס׳וועט דיין אויג נישט וויסן מער קיין שלאף
ביז וועסט ענטפערן איר רוף.
און מיין בלוט, מיט קריינקליכער עקשנות,
האט אן ענטפער אין נאכט ארייגעשריגן,
ארייגעשריגן און געווארט —
האבן שווארצקייט, ווינט און נאכט
זיך טעמפּ און הייזעריק צעלאכט . . .

האב איך יעדן וואנדערער דעם וועג פארשטעלט,
געפאלן צו די פיס אים און געפרעגט:
צי האסטו, ברודער, נישט געזען? . . .
האט יענער מיך מיט וואונדער אנגעקוקט
און ניט געקאנט פארשטיין;
האב איך אים געלאזט אין מיטן וועג אליין,
צו א צווייטן, צו א דריטן זיך געאיילט
און צום טויזנטסטן מאל געפרעגט:
צי האסטו, ברודער, נישט געזען?
און ווידער האט מיין ענטפער אין דער נאכט פארקלונגען
און ווידער האט די שווארצקייט אים פארשלונגען.

איז מיין צער צעוואקסן זיך אין מיר
און דער צווייפל האט גענומען ברענען —
באלד, די נאכט וועט זיין פאראיבער
און וועסט מיין ענטפער נישט דערקענען . . .
בין איך א מידער און א דורשטיקער
צוגעפאלן צו קאלטער, שטארער וואנט,
געטוליעט זיך צו יעדן קאלטן שטיין,
און מיט צעהיצטער האנט און שטערן
זייער קאלטקייט אויסגעלאשן
און זיך געבעטן:
שטיינער קאלטע, שטיינער אלטע,

זאגט איר מיר
צי האט איר נישט געזען
א מלאך וואנדערן אין נאכט אליין,
א מלאך,
וואס האט מיין נאמען מיט ליבשאפט אויסגעקלונגען
און ער האט זיך אין מיין בלוט צעזונגען —
ס׳וועט דיין אויג ניט וויסן מער קיין שלאפֿ
ביז וועסט ענטפערן איר רופֿ . . .

זיינען אפֿ די וועגן וואנדערער פארגאפט געבליבן שטיין
און אלע טירן האבן אויפגעציטערט פון מיין געוויין
און יעדער שטיין
האט זיך מיט צערטליכקייט צו מיר גענומען טוליען,
ווי ער וואלט מיין צער פארשטיין
און פארנומען
אין זיין שטיינערדיק הארץ דעם שטומען
מיין הייליקסטן פארלאנג
און ווי א מאמע גענומען מיך פארוויגן
מיט זיין שטיינערנעם געזאנג . . .

— — — — — — — — — — — — — —

און ווידער שטיי איך צווישן מיינע ענגע ווענט
אן אויפגעוואכטער, א פארטראכטער

זעקס-און-דרייסיק

און דיך דערקענט,
ווי דו קוקסט א שמייכלענדע אראפּ אף מיר
פון בילד וואס היינגט אף שטומער וואנט —
און אויסגערונען איז די שווארצקייט פון דער נאכט
און די קעלט פון שטיין,
נאר שטיל געציטערט האט נאך מיר מיין האנט
און געפינקלט האט אין אויג נאך דאס געוויין
און פון דיינע ליפּן האט נאך ליכטיקער
מיין נאמען אראפּגעקלונגען,
אראפּגעקלונגען
און אין מיין קראנקן בלוט
זיך העל צעזונגען . . . . .

וואס זאל איך טאָן ?

וואס זאל איך טאן
מיט דער גוטסקייט וואס האסט אין מיר פארזייט,
געליבטע מיינע,
וואס זאל איך טאָן ?
אז זי שטייגט אין מיר און שטייגט מיך איבער
און גיסט זיך איבער אלע ראנדן אריבער,
וואס זאל איך טאן ?

און אז זי פליסט אן אונבאגרעניצטע אזא,

זעען מענטשן מיך און קאנען ניט פארשטיין —
וואו נעמט א מענטש אזוי פיל גוטסקייט אין זיך,
וואס שטייגט אין אים און שטייגט אים איבער
און גיסט זיך איבער אלע ראנדן אריבער?
און זיי קערן זיך אפּ פון מיר.
בלייב איך ווידער אליין,
אליין מיט אט דער גוטסקייט
וואס איז אויפגעגאן אין מיר פון דיר
און איך בעט זיך:
זעט, איך טראג א גוטסקייט אזא אין זיך,
א גוטסקייט אזא,
א נאָך ניט באנומענע,
וואס ווערט פון מיין צער געבוירן
און אין איינזאמער עקרה'שאפט פארלוירן,
קומט,
קומט און נעמט זי.

און זיי ווייסן ניט —
ווען ס'קומען נעכט מיט איינזאם אנגעלאדענע
און ס'וועגט דיין גוטסקייט צו דער ערד מיך שווער,
קאן איך שוין ניט מער,
און איך טראכט:
ב'וועל געבן אט אזוי-אָ א געשריי,

אז פון מיינע ליפּן גאָל זאָל נעמען פליסן,
ברענען די ערד אַף וועלכער איך שטיי
און ס׳ליכט אַף אַלע אייביקן פּארמישן.

און ווען כ׳עפן שוין די ליפּן מיינע אויף
און וויל שוין אויסשרייען דאָס געשריי,
דערזע איך דיך אַזאַ
ווי כ׳האָב דיך אַלע מאָל געזען —
אַ מילדע אַזאַ, אַ צאַרטע,
מיט אַזוי פיל גוטסקייט אין דיין בליק —
שליסן זיך צוריק
ווי פאַרשעמטע מיינע ליפּן
און ס׳ווערט מיר שווער דער צאָרן
וואָס האָט זיך אויסגעגליט אין מיינע בלוטן
און ס׳ווערט מיר מיאוס דער האַס
וואָס האָט מיין האַרץ פאַר׳סמ׳ט —
גייט אויף אין מיר אַזוי פיל גליק
און ווידער ווערט מיר ליב
דאָס קלענסטע גרעזעלע
וואָס כ׳האָב היינט געטראָטן מיט די פיס . . .

### מיין בר-מינן

א גאנצן טאג געוואנדערט צווישן קברים,
(ס'לעבן האט מער קברים ווי דער טויט)
א גאנצן טאג געשלעפט די פים פארבלוטיקטע
איבער שטעגן קרומע, דערנערדיקע,
וועגן שטיינערנע, משופעדיקע,
מיין בר-מינן געטראגן אף די הענט,
געטראגן און באגראבן ניט געקענט.
איז די זון פארגאנגען צונטער רויט
און פון טאג דער טויט

שפּרייט שאָטנס לאַנגע אַף׳ן פעלד
און אַף די ווענט —
כ׳טראָג מיין בר-מינן אַף מידע הענט.

שאָטנס ציטערן אין נאַכט און זייען שרעקן
און די מידקייט פון מיינע הענט נעמט מיך וועקן,
וועקן, יאָגן,
און כ׳נעם זיך טראָגן
איבער פעלדער אויפגעריסענע,
איבער טאָלן אויסגעביסענע —
כ׳מוז מיין בר-מינן באַגראָבן,
כ׳קאָן זיין צער מער נישט פאַרטראָגן
און דאָס קלאָגן
פון מיינע מידע הענט —
כ׳טראָג אים אום שוין יאָרן, יאָרן
און באַגראָבן ניט געקענט.

פלוצלונג —
כ׳שטיי אין מיטן פעלד,
מיט א רידל אין די הענט,
אַן אַנדערער אַזאַ, א וואַיקער, א פרעמדער —
קאַלט און שטאַר —
פאַלט א קילער טוי אַף מיין צעהיצטן פּנים,

צווייאון-פערציק

הילט מיך איין א שווארצער שיין
נאר איך פיל עס ניט,
איך גראב,
גראב א קבר,
אזא ברייטן, אזא טיפן,
כ׳גראב א קבר פאר מיין צער.
און אז דער קבר שטייט שוין ברייט און אפען,
היל איך איין מיין בר-מינן אין שווארצן טוך
און מיט ציטערדיקע הענט,
וואס שטראלן מיט א טויטליך-בלייכן שיין,
לייג איך אים אין קבר שטיל אריין
און מיינע ליפן מורמלען:
שלאף שוין איין,
נו, שלאף שוין איין!
מידע זיינען מיינע הענט —
כ׳טראג דיך אום שוין יארן, יארן
און באגראבן נישט געקענט.

און ווען דאס לעצטע ביסל ערד איז שוין ארויפגעשאטן
און דאס פרישע בערגל פינקלט אין דער נאכט,
דערזע איך —
כ׳האב זיך א ל י י ן אין קבר צוגערעקט
און אין שווארצן טוך געהילט ליגט אויסגעצויגן,

מיט געשלאסן שטארע אויגן,
מיין בר-מינן,
מיין צער דער אייביקער.
און אז כ'האב זיך שוין אליין אין קבר צוגעדעקט
און מיין צער א שטילער ליגט דא אויסגעצויגן,
צי איך אויך זיך אויסעט לעבן אים,
שלים די אויגן צו
און וויל פארזינקען אין זיסער רו.

און ווידער דערזע איך דיך,
דורך מיינע אויגן דעקלאך די געשלאסענע,
צער מיינער, מיין אייביקער —
אזא שטראלענדער ביזטו, אזא פריידיקער,
אינגאנצן אויסגעפוצט אין ווייסן
און ווי א מאמע א געטרייע
בויגסט זיך מיט אזוי פיל צערטליכקייט איבער מיר,
איבער מיין פנים דעם בלאסן
און אזוי פיל גוטסקייט ז'אין דיין בליק —
גייט אויף א רואיקייט אזא אין מיר
און אין מיינע גלידער
זינגט אויף אזוי פיל גליק
און ווידער נעם איך זיך מיט ליבשאפט טוליען
צו יעדן זעמדעלע ארום מיר . . .

פיר-און-פערציק

## כ'האב א ווארט אזא

כ'האב א ווארט אזא, ווי א רגע גרויס,
און זאג איך עס ארויס —
שטראלן געטער אויף מיט זוניקן באגער
און שטרעקן זייערע העלזער אויס,
ווי לעמער תמימות'דיקע,
מיט ציטערדיקער פרייד, צו דער שחיטה;
און טרייסלען אויס פון זיך דעם צער פון געטליכקייט
און טאנצן אויס מיט צאפלדיקער פרייד
דאס ליד פון אייביקייט.

פינף-און-פערציק

כ'האב א ווארט אזא, ווי א רגע גרויס,
און זאג איך עס ארויס —
זינגען וועלטן אויף מיט ברוזנדיקער פרייד,
מיט פרייד פון אויסלייזונג,
און טרייסלען אפ פון זיך דעם שטויב פון יאָרן
און ווערן אויסגעלייזט.

כ'האב א ווארט אזא . . .
ז'עס אפגעשטארבן אף מיינע ליפן,
געליבטע מיינע,
ווען אויפגעגאן ז'אין מיר דער גרויסער צער,
דער צער פון דיין פארגיין;
אפגעשטארבן
און ליגט ווי טויט אין מיר —
נאר קומען וועט א טאָג אזא,
ווען כ'וועל ווי דו, געליבטע מיינע,
ווערן אויסגעלייזט,
אויסגעלייזט און אויפגעלייזט
און אויסוועפן וועט זיך דער צער פון מיינע גלידער
און אויסטרייסלען וועט דאס ווארט,
מיין ווארט,
דעם טויט פון זיך
און ווידער לעבעדיק זיך שפילן אף מיינע ליפן . . .

זעקס-און-פערציק

פוסטע גאסן

פוסטע גאסן, לײדיקע און שטיל
און אױף שאטנדיקע צװײַגן הײנגט אזא געפיל,
אזא געפיל,
פון מײַן שטומקײט געבױרן
און אין שאטן פון די צװײַגן אײַנגעפרױרן.
פוסטע גאסן, װער האט אײַער לײדיקײט פארזײט?
און װאס האט איר זיך דערפרײט
מיט דעם צער װאס שטראמט פון מײַנע גלידער
און לײגט זיך אױס א מידער

אף די שאטנדיקע צווייגן?

שווייגן פוסטע גאסן, שווייגן שטיל
און אף שאטנדיקע צווייגן דאס געפיל
וויגט זיך,
וויגט זיך מיט אזא ציטערדיק געוויין
ווי עס וויינען מיינע טריט אף פוסטע גאסן,
ווי עס וויינט די נאכט אין אומעטיקע איבער מיר,
איבער מיין פנים דעם בלאסן.
האב איך איינגעזאפט אין זיך דעם ציטער
און דאס געוויין
און מיט געבויגענעם קאפ גענומען וואנדערן
מיט זיך אליין
און וואנדערנדיק אזוי
האב איך פלוצלונג דיינע טריט אין מיינע דערקענט
און פארנומען
דיין רוף דעם שטומען,
וואס האט געציטערט אף די פוסטע גאסן,
געציטערט מיט אזוי פיל בייגקשאפט און געבעט
אין דעם לבנה שיין דעם בלאסן.
בין איך געבליבן שטיין געשטרעקט,
מיט מיינע הענט געקושט די שאטנדיקע צווייגן
און זיך געבעטן:

אבט-און-פערציק

וואס זאל איך טאן,
אז פוסטע שטייען אלע גאסן
און אינ׳ם לבנה שיין דעם בלאסן
וואנדער איך אליין,
באגלייט פון שאטנס ציטערדיק געוויין ?
וואס זאל איך טאן,
אז מיין טאג פון אומקום איז נאך ניט געקומען
און א ניט-אויסגעלייזטער
כ׳טראג נאך אלץ אין זיך דעם צער דעם שטומען ?

האלטן איין די גאסן זייער פוסטקייט
און דער ציטער אף שאטנדיקע צווייגן ווערט מילדער,
איינגעשטילטער,
ווי זיי וואלטן מער מיין צער שוין ניט געקאנט פארטראגן
און דאס קלאגן פון מיינע מידע טריט.
גייט אויף א רואיקייט אזא אין מיר,
אזא זיכערקייט,
אז קומען וועט א טאג,
געליבטע מיינע,
א טאג אזא,
און אויסרינען וועט די פוסטקייט פון די גאסן
און אויסציטערן וועלן צווייגן זייער שאטנדיקייט,
ווי דעם צער — מיינע קראנקע גלידער

און דו וועסט ווידער,
א מילדע און א צארטע,
פירן מיך אן אויסגעלייזטן און א שטראלנדן
איבער העל באלויכט'נע גאסן . . .

פופציק

טז

שוין אויסגעוואנדערט אלע פוסטע וועגן,
שוין אויסגעמאסטן אלע מידע שטעגן
און איינגעזאפט אין זיך ס׳ליד פון גרויסן צער,
קום איך צוריק צו דיר,
מאמע מיינע, מאמע ערד,
און ווידער שטיי איך אין דיין שאטן א פארביינקטער,
באד דעם שטערן אין דעם שטויב פון דיינע שוועלן
און זאג דיר:
הייליק האב איך דיין ירושה אפגעהיט —

נאָך גליט אין מיר דער אומרו,
וואס האסט אין מיינע בלוטן אויסגעוואַרעמט;
נאָך זינגט אין מיר די פרייד,
וואס האסט אין מיין נשמה איינגעפלאנצט . . .
נאר אויפגעגאן ז'אין מיר א גרויס רחמנות,
א גרויס רחמנות אי צו דיר, אי צו מיר,
צו דיין און מיין צעברעקעלט לעבן
דעם ניט אויסגעלעבטן,
צו דיין און מיין גרויסן צער,
וואס קאן זיין תיקון ניט געפינען.
און איך בעט זיך:
צי מיך צו צו זיך, מאמע מיינע,
צי מיך צו און צי מיך איין אין זיך —
שווער איז מיר שוין לאנג די פרייד
און שווערער נאָך מיין אומרו —
קער איך זיי דיר ביידע אום
און מיט זיי
דעם צער מיינעם, פון דיינעם א טייל —
נעם אים אויף,
נעם אים אויף אין דיין מוטער שויס,
פאראייניק אים מיט דיינעם
און אן אויסגעפילטער, א גאנצער,

צוויי-און-פופציק

וועט ער זיך איבער דער וועלט צעגיסן,
אויסוויינען אונזערביידנס ווי
און אויסטאנצן אונזער ביידנס פרייד.

און אויסגעוויטיקטע און אויסגעטאנצטע
וועלן מיר,
איך און דו, מאמע מיינע,
איינדרימלען דעם אייביק-זיסן דרימעל,
ווערן דורכזיכטיק-אויפגעלייזט
און אין פראסטיקייט אויסגעלייזט,
ווי אין די מינוטן פון באשאף,
ווען איך און דו,
מאמע מיינע,
האבן נאך דעם צער פון לעבן ניט דערקענט.

נעם מיך אויף,
נעם מיך אויף, מאמע מיינע,
ס'ביינקט מיין הארץ, ווי דו, נאך רו,
נאך אייביק-שטילער רו —
מאמע מיינע, מאמע ערד.

איינזאמקייט

וואס האט זיך אייער פוסטקייט צעשריגן איבער מיר,
מיינע שטומע ווענט ?
און ווען האט איר דעם איינזאם פון מיין הארץ דערקענט,
דערקענט און זיך פארגאנגען אין א שטיל געוויין,
אז שווער איז מיר געווארן צו זיין מיט אייך אליין ?
שטומע, שטומע עדות פון מיין שווערן וויי,
האלט איין אייער בייזן, בייסענדן געשריי —
איר זענט ניט אליין,
מיינע שטומע ווענט :

פיר-און-פופציק

ווייסע וואסער-ליליעס וויגן פויל זיך
אין קרישטאל-בלויע קוואלן;
א ווייסע לבנה —
אין אייזיקן הימעל איינגעפרוירן —
באדט זיך אין ווייס-קאלטע שטראלן.

(און איך בין אליין, איינזאם און אליין)

פאל איך צו צו אייך,
מיינע שטומע ווענט,
א דורשטיקער, אן אויפגעפלאמטער, א צעפייניקטער,
ביים זיך איין אין ווייסע וואסער-ליליעס,
באד זיך אין קרישטאל-בלויע קוואלן,
לייטער זיך אין ווייס-קאלטע שטראלן
און איך בעט זיך:
זעט —
איך בין ווי איר, א שטומער און א שטילער,
פון מיין אייגענעם איינזאם א באלויכטענער
און אט הויב איך אויף מיינע הענט —
די ליליעס פון מיין זיין —
און לעג זיי אף מיין ברוסט אנידער
און צי זיך אויס א שווייגנדיקער לעבן אייך
און אייער פראסטיקייט מישט זיך מיט מיין בלייכקייט אויס.

(און איך בין אליין, איינזאם און אליין)

וועל איך ליגן אט אזוי,
איינער אליין,
ביז מיינע ווענט וועלן זייער פוסטקייט אויסוויינען,
ביז די וואסער-ליליעס וועלן זייער קעלט אויסשיינען
און וועלן מיך דערזען —
וועלן ווייסע וואסער-ליליעס,
ווי פון ווינט געבויגן,
זיך אומעטיקע שאקלן איבער מיר
און מיט מיר פארגיין . . . .

זעקס-און-פופציק

נישט אף מיין פּנים

נישט אף מיין פּנים וועט איר גאָט געפינען
און נישט אין מיר,
מיט אײַזן-ריגלען איז פאַרהאַקט מיין טיר
און טויטע שאָטנס שלאָגן פון די ווענט.
אפ׳ן דיל —
אַ בערגל שוואַרצער אַש;
כ׳האָב אַליין דאָס פייער אויפגעלייגט —
טאָג און נאַכט געטראַכט און ניט דערטראַכט זיך —
און זיך אַליין פאַרברענט.

וועל איך איצט מיט קוילן שווארצע הענט —
מיינע טויטע הענט —
דאס אש צעשפרייטן אף די ווענט
און אף מיין טיר —
אייזן-ריגלן קלאמערן מיין טיר
און קיינער קומט נישט מער
און קיינער וועט נישט קומען מער צו מיר
און קיינער וועט נישט פרעגן:
וואו איז ער?
און ס'וועט מיין בייזער, בייזער גורל
שוין מער נישט קייכן איבער מיר . . . .

נאר דורך די לאנגע נעכט פון אומרו
וועט מיין בלאנדזשנדיקער גייסט,
אן אויסגעשעפטער,
א פארשוועכטער,
וואנדערן איבער חורבות שארפע, שפיציגע
און ווי אן אבל,
אין געדאנק געשטערטער,
זיצן איינזאם אף א הארטן שטיין
און זיך איינהערן:

ערגעץ אף א וויסטן מדבר שטעג,

אבט-און-פופציק

נאָך זיין פאַרשוואונדנער פּאָר פאַרביינקט,
וואָיעט א שאקאל איבער א ביין,
וואָיעט —
אף מיינע
און אירע
ניט אויסגעלעבטע טעג . . . .

## ווען טויזנט נעכט

ווען טויזנט נעכט צעזינגען זיך אין מיינע בלוטן
מיט קריינקליכע, נאך ניט געבוירענע פארלאנגען
און גליענדיקע פונקען טאנצן אין דער שווארצקייט,
שרפ'ן אף די ברעגן פון צארנ'דיקער נאכט
מיט ברענענדיקער לוסט —
שרעקט עס מיך נישט מער.
ווייל אויסגעוועפט האט לאנג די מורא שוין אין מיר
און איך פאל שוין מער נישט אף די קני פאר דיר,
מיין בורא און באשעפער,

**זעכציק**

און בעט נישט מיט אראפגעלאזטן קאפ:
פארגיב דיין קנעכט דעם שוואכן זינדער . . .
און כ'ווארף דיר ניט דיין חרפה צו די פיס
און שריי שוין מער נישט אויס:
דו האסט די אומרו אין מיין הארץ פארזייט,
האט דיין תאוה אין מיינע בלוטן זיך צעברענט
און זינגט מיט הינטישער הנאה אויס
דאס בייסנדיקע ליד פון אייביקן באגער —
כ'ווארף דיר נישט דיין חרפה צו די פיס . . .

נאר ס'גייט אויף אין מיר א גרויס רחמנות אזא,
א רחמנות צו דיר,
מיין בורא און באשעפער,
און צו מיר, דיין קנעכט,
דעם אפגענארטן און דעם אויסגעלאכטן —
און ווען האר און קנעכט ווערן איינס אין מיר,
ווערט מיר גוט פון דעם אויפגעגאנגענעם רחמנות
און כ'גיב אזוי א פליעסקע מיט די הענט —
פרייליך ווער מיין אומעט! —
צעפראלן מיינע ענגע ווענט
און ס'גיסט זיך איבער מיר א כשופ'דיקע מזרח מעלאדיע,
גיסט זיך איבער מיר ווי א חלום,
שטיל און אויסגעצויגן.

און א הייס-בלוטיקע, קופער-הויטיקע נאטש-מיידעל,
שלאנק און בויגזאם,
שלאנק און בויגזאם ווי דעם גמל׳ס האלדז,
כשופ׳ט מיך מיט איר בויך-טאנץ,
כשופ׳ט מיך אזוי —
די הענט איבער׳ן קאפ איינגעפלאכטן,
די פיס צו דער ערד געשמידט,
און אינגאנצן אויסגעצויגן ווי א סטרונע,
א סטאטוע,
פון גליענדן קופער אויסגעגאסן —
נאר דער בויך באוועגט זיך,
דרייט זיך.
דרייט זיך הער און הין,
רונד ארום,
ווי די גליענדיקע שלאנג-פעל
אין דער מזרח זון;
דרייט זיך און טאנצט
און טאנצנדיק אזוי
זינגט אוים מיט אויסגעצויגענע, שארפע קערפער-בויגן
דאס בריענדיקע ליד פון יונג-בלוט;
טאנצט,
טאנצט און כשופ׳ט מיך
ביז מיין בלוט, פון דיין אומרו אנגעצונדן,

בייסט זיך אין מיין אייגן לייב מיט קריינקליכן געגנום . . .

ווען טויזנט נעכט צעזינגען זיך אין מיינע בלוטן
מיט קריינקליכע, נאך ניט געבוירענע פארלאנגען,
שרעקט עס מיך נישט מער —
מיך שרעקן ניט די גליענדיקע פונקען אין דער שווארצקייט,
כ׳זע דעם אמת פון אלע אמת׳ן
און ער שרעקט מיך שוין נישט מער —
נאר מורא האב איך פאר די לעבעדיקע שעה׳ן
וואס וואלגערן זיך ביי מיינע פיס
פארשטויבטע און צעבראכענע
אוןווארטן אף דעם מארגן טוי . . .

אין דער ווינטערדיקער נאכט

— וואס האט די נאכט אף וויסטע פעלדער זיך צעוויינט
ברודער מיינער?
ווער האט איר רו די אייביקע געשטערט
און ווער פארצערט
איר זיסן שלאף?

— קיינער האט די רו פון נאכט געשטערט,
נאר מיינע וואנדער טריט;
קיינער האט איר זיסן שלאף פארצערט,

נאר פון מיין וואונד דער שניט . . .

— וואס וויינט די נאכט אומעטיק אזוי
ברודער מיינער?
און אירע ווילדע קולות,
וואס שלאגן זיי זיך אפ אין שטיינערדיקע חורבות?
האט זי, ווי מיר, איר וועג אין מדבר פארלוירן?
האט זי, ווי מיר, איר גאט אין ווילדערניש פארגעסן,
ברודער מיינער?

— נישטא קיין שטיינערדיקע חורבות,
נאר מיינע קראנקע גלידער;
עס וויינט נישט אומעטיק די נאכט,
נאר מיינע בעטלער לידער . . .

— גיי נישט ווייטער, ברודער, גיי נישט מער,
ווען ס׳רייסט דער ווינט פון האנט דעם שטעקן,
שפרייט די נאכט אוים ווילדע שרעקן,
גיי נישט מער,
אָט דאָ, צווישן שטיינערדיקע חורבות
וועלן מיר א שפאלט געפינען,
אהין פארקריכן
און הערן ווי עס קלאגט די בייזע נאכט,

פינחס-און-זעכציק

און הערן שטיל איר יאמערליך געוויין:
זאלסט מער נישט גיין,
זאלסט מער נישט גיין . . .

— שרעק זיך נישט —
וויינענדיקער פון דער נאכט ז'מיין ניגון
און מיין אומעטיקער בליק מדבריות קאן באזיגן.
געטער האב איך אין מיין ברוסט געווארעמט
און אף די ווינטן זיי פארשפרייט;
כ'האב די אומרו פון דער וועלט
אין מיין הייליק בלוט פארזייט —
שרעק זיך נישט.
קום —
איך האב דעם הימעל שוין דערגרייכט,
געהייליקט אים,
פון אים געלאכט;
און אין דער רולאז-שווערער נאכט
ווערן וועל איך ווי די שטיינערדיקע חורבות.
שטיינערדיק און הארט —
הארט און שטיינערדיק,
און פונקט ווי זיי,
געריסן און נישט צעריסן ווערן
אין דער וויינענדיקער נאכט . . .

## א.

טרעט-איבער מיינע אומעטיקע שוועלן און קומט אריין,
שוין אנגעגרייט פאר אייך אי ברויט אי וויין
און איך אליין —
איינגעוויגט אין חלב׳דיקען שיין,
ליג אפ׳ן ווייסן בעטל אויסגעצויגן
מיט געשלאסן-זעענדיקע אויגן,
ליג און טראכט:
ווער האט די שווארצע ליכט ביי מיין צוקאפענס אויסגעשטעלט,
אויסגעשטעלט און אנגעצונדן,

מאמע מײַנע, מאַמע?

— נישט שוואַרץ זײַנען די ליכט בײַ דײַן צוקאָפּענס,
נישט שוואַרץ,
נאָר שוואַרץ איז דײַן געמיט,
שוואַרץ און אומעטיק,
ווי שוואַרץ און אומעטיק ס'זײַנען די שטילע טריט
פון די אַבלים אַרום דיר,
וואָס עוסק'ן זיך מיט דײַן ווײַסן קערפּער,
טראָגן אים מיט צערטליכקייט אויף דינע הענט
און לייגן אים אין קבר שטיל אַרײַן . . .

— נישט שוואַרץ זײַנען די ליכט בײַ מײַן צוקאָפּענס,
נאָר אויסגעלאָשן האָבן זיך די פונקען פון מײַן זײַן —
מאַמע מײַנע, מאַמע —
נישט ענג און טונקל איז מײַן קבר,
נאָר אויסגעלאָשן האָבן זיך אין אים אַלע קאָלירן;
און ווען אויסגעלאָשן האָבן זיך אין אים אַלע קאָלירן
ז'אויפגעגאַן אַזאַ מין שײַן,
דער שײַן פון אייביקייט,
וואָס האָט גענומען שטראָמען פון מײַנע קראַנקע גלידער.
וועל איך ווידער
אַרויסגיין אויף אַלע גאַסן

זיבעציק

און וועל דעם אויפגעגאנגענעם שיין אין מיר,
דעם איינציק אמת׳ן,
מיט גוטסקייט יעדן פארבייגייער איינטיילן;
איינטיילן פונקט ווי דו,
מאמע מיינע, מאמע ערד,
טיילסט איין מיט אייביקייט דיינע קינדער
וואס קומען זוכן ביי דיר רו.

כ׳וועל ארויסגיין אף אלע גאסן
און וועל אויסרופן:
אט איז דא א גוטסקייט אזא,
א נאָך נישט באנומענע,
וואס ווערט געבוירן אף מיינע אומעטיקע שוועלן,
וואס שפרייט זיך פון די שווארצע ליכט ביי מיין צוקאָפּענס,
וואס שטראמט ארוים פון מיין טונקל-ענגן קבר —
א גוטסקייט אזא, אן אייביקע,
א טייל פון מיר,
איך גיב זי אייך אוועק;
קומט,
קומט און נעמט זי . . .

אט אזוי וועל איך אויסרופן אף אלע גאסן —
מאמע מיינע, מאמע!

ב.

שויבן מיינע, אומעטיקע שויבן, וואס האט איר זיך פארטראכט?
און ווער האט מיינע פענסטער אנגעלאדן מיט דער נאכט,
אנגעלאדן מיט דער שווארצקייט פון מיין זיין
און אויסגעקלאפט אף זיי ס׳ליד פון אייביקן פיין?
שויבן מיינע, אומעטיקע שויבן,
ווער האט פארבעטן אייך צו מיר,
איר נישט-געבעטענע געסט פון אן אנדער וועלט
און פארוואס האט איר זיך ביי מיין צוקאפענס אויסגעשטעלט,

צוויי-און-זיבעציק

אויסגעשטעלט און זיך פארטראכט
ווי מיינע אומעטיקע שויבן,
ווי אף מיינע פענסטער די שטומע, שווארצע נאכט?
ווער האט אייך געזאגט:
ער איז שוין מער נישטא;
ס'האט פארקלונגען שוין זיין לעצטע שעה —
קומט, מיר וועלן איילן און אים זען
און דאן מיט צער זיך שטיל צעגיין
און קיינעם מער קיין ווארט נישט זאגן וועגן דעם,
נאר מיר, די נאענטע, וואס האבן אים געזען,
וועלן אייביק טראגן אין זיך דעם צער,
דעם צער פון זיין פארגיין? . . .

האט איר קיין אויגן נישט
און קאנט איר גאר נישט זען,
אז דאס וואס האט געזאלט געשען
איז נאך נישט געשען?
ליגט-זשע נישט קיין שערבלאך מיר אף די אויגן
און גיט מיר נישט קיין צווייגלאך אין די הענט —
פון מיין אומקום דער טאג ז'נאך נישט געקומען,
כ'האב נאך מיין בורא נישט דערקענט,
אט וועל איך געבן א געשריי
און אט אזוי א מאך טאן מיט די הענט,

אז אויפציטערן וועלן אלע ווענט
און אויפוואכן וועלן מיינע אומעטיקע שויבן פון זייער טראכט
און אויסטרייסלען וועלן מיינע פענסטער פון זיך די נאכט
און בלייבן וועט איר ווי פארגאפט און נישט פארשטיין
און מורמלען איינס צום צווייטן:
מיר האבן זיך צו פרי געאיילט —
וואס עס האט געזאלט געשען
איז נאך נישט געשען
און איר וועט זיך שטיל צעגיין.

נאר וועט איר אף יענער זייט שוועל שוין שטיין
און ווידער וועל איך בלייבן מיט זיך אליין,
וועט דאס וואונדער געשען:
קוקן וועלן מיינע שויבן אומעטיק, פארטראכט
און די פענסטער מיינע, אנגעלאדן מיט דער נאכט,
אנגעלאדן מיט דער שווארצקייט פון מיין זיין,
וועלן אויסזינגען דאס ליד פון אייביקן פיין
און איך אליין,
מיט מיינע אייגענע הענט
וועל איינוויגן דעם צער,
דעם צער פון מיין פארגיין . . . .

ג.

וויינען מידע טריט אף פוסטע דילן,
וויינען מיט א צער אזא א שטילן,
ווי זיי וואלטן מער שוין ניט געקאנט פארהילן
דעם סוד וואס האט זיך אויסגעוויטיקט אין מיין זיין,
אויסגעוויטיקט
און ז׳אויפגעגאנגען אין מיין שווארצן פיין —
מידע טריט אף פוסטע דילן.

— ווער-זשע וועט פון טריט די מידקייט שטילן?

ווער ט'אויספילן די פוסטקייט פון די דילן?

ווײנען מידע טריט אף פוסטע דילן:
קײנער,
קײנער . . . .

אז אייביק איז די מידקייט פון די טריט
און פוסטע בלײבן אלע דילן,
איז קײן אויסוועג מער נישטא —
גייט אויף א רואיקייט אזא אין מײנע גלידער
און אזא צופרידנקייט שפרייט זיך איבער מיר,
שפרייט זיך אויס און וויגט מיך איין —
טא זאל זײן וואס ס'וועט זײן —
און אליין ניט וויסנדיק פארוואס
טו איך מיט די הענט אזוי א פיר,
רייסט זיך פראלענד אויף מײן טיר
און טויזנט שאטנס פון אן אנדער וועלט
שלײכן לײכט זיך איבער מיר,
איבער מיר און אף די ווענט;
טויזנט שאטנס מיט ליכט געצונדענע אין די הענט,
וואס ציטערן אזוי אומעטיק אף די ווענט,
ציטערן
מיט'ן ציטער פון פארגייענדע לעבענס.

זעקס-און-זיבעציק

ציטערנדיקע שאטנס אַף אומעטיקע ווענט,
ווען האט איר דעם צער פון מיין זיין דערקענט?
און צו וואס די ליכט אין שאטנדיקע הענט,
וואס ברענען, ברענען און ווערן ניט פארברענט?

לאזן זיך די שאטנס ארונטער פון די ווענט,
מיט די ליכט געצונדענע אין שאטנדיקע הענט
גייען זיי הקפות ארום מיין שטייפן גוף,
וואס ליגט אויסגעצויגן ווי אין שווערן שלאף;
גייען זיי הקפות רונד און רונד ארום,
רונד און רונד ארום.
ליג איך אויסגעצויגן, א רואיקער און שטום —
אז קיין אויסוועג איז שוין מער נישטא,
זאל זיך ציען אין אייביקייט די שווערע שעה —
ווערט האסטיק זייער גאנג, שנעלער,
ענגער ציט די ראד צונויף זיך ארום מיר,
ענגער, ענגער
און פלוצלונג —
נישטאָ מער קיין שאטנס און קיין מידע טריט,
אויסגערונען איז די פוסטקייט פון די דילן,
איינגעפאלן מיינע אומעטיקע ווענט,
נאר אין ווילדן וויכער טראגן זיך אַן ווילן
ברענענדיקע ליכט, טראגן זיך אַן הענט.

*

ברענענדיקע ליכט, טאנצנדיקע פלאמען
גיסן זיך אין פייערדיקער ראד צוזאמען,
טראגן זיך ארום מיר,
רונד ארום, רונד ארום
און איך דערפיל —
די פייערדיקע ראד האט מיך פארכאפט אין איר געדריי
און איך גיי אליין הקפות ארום זיך,
אזא שטראלנדער, אזא לייכטנדער,
מיט אזוי פיל גוטסקייט אין זיך.
איך ווער גרינג,
ווי דער פלאטערנדיקער פלאם פון ברענענדיקן ליכט,
אן אויפגעלייזטער,
א געלייטערטער.

און פלאטערנדיק אין ווינט,
א שטראלנדער, א לייכטנדער,
קום איך צו דיין טיר און זאג:
איך בין געקומען צו דיר אן אויפגעלייזטער,
אן אויפגעלייזטער און אן אויסגעלייזטער,
א געלייטערטער
און כ'פאל צו מיט'ן שטערן צו דער שוועל
און בעט —
נעם מיך אויף,

נעם מיך אויף,
מיך —
א מידן טראט א שטילן
אף דיינע פוסטע, פוסטע דילן . . .

אין א שטומער תפלה:

— דערלייזער,
פון קרוינלאזע א געקרוינטער,
פון געקרייציקטע א געקרייצטער,
זע:
ס׳וויקלט מיך די נאכט אין איר שווים
און שלינגט מיך איין;
ס׳האט די לערקייט דערשטיקט מיין יעדן קלאנג און אין צאנק
שטארבן אלע פייערן.
אז די געטער האבן זייערע פלאמען פארמישט,
ווערט זייער שיין פארלאשן,
אף אייביק פארלאשן;
אז מיינע תפלות בלייבן ניט דערבעטענע,
וואלגערן זיי זיך ביי מיינע פיס,
וואלגערן זיך טרויעריקע
און אז די ליידיקייט האט מיין נשמה פארצוקט
און מיין מארך פאר׳סמ׳ט —
זיינען מיינע געדאנקען מיר שווער געווארן,
איז מיין בלוט פלאמיק-הייס געווארן
און מיינע חלומות שרעקן מיך . . .
דערלייזער,
דו מיין איינ-און-איינציקער,

. . . . וועל איך פון אומרו א בלומען-קראנץ פלעכטן
און וועל דיך באקרוינען;
וועל איך פון אומעט א מלכות-קלייד וועבן
און וועל דיך באקליידן
און אף די פליגל פון אייביקן פיין
וועל איך מיט דיר יאגן לאנד אויס און לאנד איין —
לאנד איין און לאנד אויס,
די וועלט איז נאך גרויס . . . .
— — — — — — — — — — — — — —

דריי-און-אכציק

ווער א ליכטיקער
און דערלייז מיך . . .
— — — — — — — — — — — —
שווייגסט ?

האפנונגען מיינע האפנונגען —
פארלוירן נאך איידער איר זענט געבוירן —
וואס שרייט איר ארוים פון מיינע קראנקע גלידער ?
אויגן מיינע אויגן —
אומזיסט האט איר געוואנדערט איבער אלע רוימען,
אלע שווארצע שווארצקייטן דורכגעשניטן
זוכנדיק די בארג שפיצן ;
אומזיסט האט איר פינגער, מיינע פינגער
די בלוט מיילער אייערע אויפגעריסן,
אז די נערוו-שפיצן זאלן דער וועלט׳ס נשמה דערשפירן,
אומזיסט . . . .

און דו ?
דו שטייסט א געבויגענער אזא,
אן אומבאהאלפענער,
דרייסט זיך איין,
ווילסט אנטלויפן און דו קאנסט נישט,
הילט די לופט מיך א דערהיצטע,

אבט-און-אבציק

פאר דיר מיינע נישט אויסגעבעטענע תפלות,
פאר דיר מיינע נישט אויסגע'חלומ'טע חלומות —
דערלייז מיך,
דערלייזער.

בייסטו די ליפּן ביז בלוט און דו טראכטסט:
— ווי קאָן איך דיר העלפן,
אז אומרו ז'מיין קרוין?
וואס קאָן איך דיר געבן,
אז אומעט ז'מיין קלייד?
וואס קאָן איך דיר ברייגנען,
אז פּיין טראָגט מיך אום?
— — — — — — — — — — — — —
ווערט דיין פּנים צעווייטיקט און קרום
און פון דיינע אויגן פליסט א צער,
א צער פול מיט אנגסט און ציטערדיקער מורא,
וואס קלאמערט זיך ארום מיין האלדז,
דריקט זיך קאַלט אף מיין הארץ
און פארגייט אין א קינדיש אומבאהאלפן געוויין:
זע, איך בין ארים,
קליין און ארים.
ווי קאָן איך, אז כ'בין נישט אויסגעוואקסן,
אז כ'בין נישט געלייטערט?

זעקס-און-אבציק

צי קאן א נישט דערלייזטער דערלייזן?
צי קאן א נישט געבענטשטער בענטשן?
ווי קאן איך,
אז גרוי און זאמדיק איז מיין בליק
און אומבאהאלפן מיין געדאנק?
ווער וועט מיך דערלייזן,
ווער? . . . .

הער איך נישט דיין געבעט,
זע איך נישט דיין וויי,
נאר איך קני,
קני און בעט,
קני און בעט צו דיר:
זע —
אלע הימלען האבן זיך פארלאשן
און שרעקן מיך מיט זייער שווארצקייט;
אלע וועיטקייטן האבן זיך צעשפרייט
און שרעקן מיך מיט זייער ליידיקייט
און אין מינוטן פון גרויל
גיב איך דיר דאס הייליקסטע אין מיר,
נאר ווער גרוים,
מעכטיק און גרוים —
דו, מיין איינ-און-איינציקער,

שטייסט אין ווינקל א בלייכער, א שטומער,
א גאָט א געקרויינטער פון מיר,
פון אייביקן אומרו און פיין א געזאלבטער —
מיין הייליקער עלנד צו דיר.
זיפּן זיך לעצטע פארנאכטיקע שטראלן
דורך דעם גרויליכן שיין,
טוליען זיך אבל'דיק איינער צום צווייטן,
טוליען זיך, וויקלן דיך איין,
וויקלן זיך,
שלענגלן זיך ארום דיינע פיס,
קושן זיי און פאלן,
פאלן און שטארבן.
גנב'ט זיך די נאכט א שטילע,
סוד'ט לאנג זיך מיט די ווענט,
סוד'ט זיך
און צעלאכט זיך . . .
שטראמט די שווארצקייט א נישט פארצאמטע,
שטראמט צווישן מיינע פינגער
און לייגט זיך בלייאיק אף מיין הארץ —
ווערט מיר ענג מיין הויט,
ווערט מיר שווער מיין לייב —
בויגן זיך מיינע קני
און ווי פון זיך אליין לייגן זיך צונויף די הענט

פיר-און-אכציק

הילט מיך אין איר הייסן אטעם
און איך פיל:
איך ווער גרינג,
גרינגער נאך פון לופט,
איך פיל מער די ערד נישט אונטער זיך
און איך הויב זיך,
הויב זיך העכער, העכער,
ביז . . .
מיינע האר שפיצן רירן די הימלען אן
און צינדן זיי אן
און צונטער רויטע פייערן
וויקלען זייערע בלוטיקע צונגען ארום מיר,
ארום דיר.
און פלוצלונג —
די אויגן פארלאפן מיט בלוט,
די אדערן ביז צום פלאצן אנגעצויגן,
בייסטו זיך איין אין דיין אייגן לייב,
זויגסט דיין אייגן בלוט
און ברומסט:

— ז'נישטאָ מער קיין גאט,
בין איך דער לעבנספולער קוואל;
ז'פארלאשן דאס ליכט פון דער ערד,

וועב איך פון שווארצקייט א שטראל,
א שטראל וואס זאל זיך צינדן אין מיר,
ארום מיר,
באשיינען, באלויכטן די וועלט . . .
און זאלן זיי קומען,
די וועמעס גורל איז שווארצער פון פיין —
כ׳וועל זיי אין זוניקייט באדן;
און זאלן זיי קומען,
די וועמעס לעבן ז׳א רגע בלויז גרוים —
כ׳וועל זיי אין אייביקייט וועבן . . .

ריים איך אויף מיינע טירן,
ברעך איך אויף מיינע ווענט
און זיי קומען,
פון אלע זייטן קומען זיי,
קומען און קניען,
קניען און בעטן,
קניען און בעטן צו דיר.

— זעסט?
אלע קומען זיי,
אלע . . .
אויגן שפיציקע, געשארפט פון נאכטיקן זוכן;

הערצער שווערע, מיט אומרו אנגעלאדענע;
חלומות נישט-אויסגע׳חלומ׳טע, אין גרויקייט פארלוירענע;
האפנונגען צעפּיצעלטע, אין רולאזיקייט געבוירענע
און מיט א בעטלער ניגון —
דעם ניגון פון זייער זיין —
זינגען זיי א לויב געזאנג דיין נאמען,
דערלייז זיי . . .

פאלט דיין קאפּ א מידער אף א זייט,
דיינע אויגן שליסן זיך
און דיינע ליפּן —
געל פון פארטריקנט בלוט —
מורמלען:
בעטלער, בעטלער . . .

שטארבן אלע פייערן
און ווידער הילט די נאכט אונז ביידע איין
און אין שווארצן שיין
דערזע איך —
אין דיינע אויגן צינדט זיך א גרין פייערל,
זוי ביי א הונגעריקער חיה
און דיינע דארע הענט, ווי בייזע שלאנגען,
וויקלען זיך ארום מיין האלדז,

ווייקלען זיך און וואַרגן —
זע איך מער נישט דעם שיין פון מיינע אויגן,
הער איך מער נישט דאָס קלאַפּן פון מיין האַרץ,
נאָר אין מיר צינדט זיך אָן אַ וואָרט,
וואָס צעפּלאַקערט זיך אין מיין בלוט,
טראָגט זיך אום מיט אימפּעט הייסן,
טראָגט זיך און דערטראָגט זיך ביז צום מאַרך
און צינדט אים אָן
און אין ענגשאַפט פון מיין האַלדז
וואָרגט עס זיך,
וואָרגט זיך
און קאָן זיך ניט באַפרייען . . .
און אין דער שוואַרצקייט טיילט זיך אַרויס פון מיר
עפּעס אַן אַנדערער אַזאַ, אַ מוראדיק גרויסער,
אַ שוואַרצער
און ווי פון זיך אַליין הויבן זיך זיינע הענט —
מ י י נ ע  הענט
און איך דערקען זיי נישט —
הויבן זיך צו דיין קרוין
און רייסן בלום נאָך בלום —
ס'איז  מ י י ן  אומרו ;
שלעפּן פון דיר דיין קלייד,
טריפען פּאַדים נאָך פּאַדים —

ס'איז מ י י ן אומעט;
פליקן מיט האסט דיינע פליגל,
פליקן פעדער נאך פעדער —
ס'איז מ י י ן פיין,
מ י י ן פיין . . .

און אז אויסגעריסן איז יעדע בלום
און אויסגעטריפעט יעדער פאדים
און אויסגעפליקט יעדער פעדער
שטיי איך א צופרידענער, א שמייכלענדיקער
און איך זע —
ווידער ביזטו קליין און מאכטלאז;
דיינע דריבנע טרערן, ווי א שאנד קלייד,
וויקלען איין דיין נאקעטקייט
און ווי א בעטלער צווישן בעטלער,
בעטסטו מיט א שטומען בליק:
פארגיב . . .

ווערט מיר פיינליך שווער פון דיינע טרערן. —
כ'דריק שטארקער צו זיך מיינע אוצרות,
נאך שטארקער,
דרים מיינע טריט,
ב'וויל אנטלויפן, נאר —

בלייאיק שווער זיינען מיינע פיס,
ווי צו דער ערד געשמידט
און —
פון אלע זייטן קומען זיי,
קומען און קניען,
קניען און בעטן,
קניען און בעטן צו דיר
און זינגן א לויב געזאנג דיין נאמען
און קושן דעם זוים פון דיין נאקעטקייט . . .
פאלן מיר מיינע אוצרות פון די הענט —
און — ענג ווערט מיר מיין הויט
און שווער ווערט מיר מיין לייב —
בויגן זיך מיינע קני
און ווי פון זיך אליין ליגן זיך צונויף די הענט
און מיינע ליפן מורמלען:
דערלייזער . . . .

## דרוק פעלער:

אויף זייט 72, שורות 5 און 6, אנשטאט

שויבן מיינע, אומעטיקע שויבן,

ווער האט פארבעטן אייך צו מיר,

דארף זיין

שויבן מיינע, אומעטיקע שויבן.

ווער האט פארבעטן אייך צו מיר,

